„פראלעטאריער אלער לענדער פעראייניגט אייך".

„FREIHEIT"

פרייז פר. איינצעלנע נומר: 4 הל.
אבאָנאמענט:
גאנציעהרליך — 2 קראנען
האלב „ — 1

# פרייהייט

ציוניסטיש־סאָציאַליסטיש־ארבייטער־אָרגאַן.
ערשיינט יעדען פרייטאג

אדרעסע פיר די רעדאקציאן:
Krakau Dietelsgasse 42.

אדמיניסטראציאן:
Krakau Gertruda 11.

קראקוי, ערשטער יאהרגאנג. | נומר 7 | 6 October 1905.

## די נאַציאָנאַלע פראַגע און דער סאָציאַליזמוס.

דורך אלע נאציאנאליסטישע בלעטער פון אייראפא געהט א קול פון שמחה. א סאָציאלדעמאָקראט, — הערט נאר א אמת'ער סאציאלדעמאקראט מיט הויט און ביינער, האט אין די „סאַציאליסטישע מאַנאטסהעפטע" ערקלערט, אז מען מוז ענטוויקלען די פערשידענע נאציאנאלקולטורען כדי צו קענען עררייכען דאס סאציאליסטישע ענדציעל.

„דער אינטערנאציאָנאליזמוס איז טויט. הערר פערנערסדאַרפער האט איהם בעגראבען. — עס לעבע די שאָוויניסטישע סאָציאלדעמאקראטיע"! אזוי האבען געשריעבען דיעזע טעג די נאציאנאליסטישע בלעטער פון אלע פארטייען און לשונות און זייערע מעהר אדער וועניגער ענטציקטע לעזער האבען אנגעהויבען צו חלומ'ען פון א גאלדענע צייט אין וועלכער די בייזע סאציאלדעמאקראטען וועלען זיך בעשעפטיגען אנשטאט מיט שטרייקס און פאליטישען קאמפף־גאניץ רוהיג מיט נאציאנאלקולטור און אלטערטומספארשונג. דאס איז א שענער חלום נור מוז עס אונז לייד טהון, אז מיר אלס סאציאלדעמאקראטישע וואכענשריפט מוזען נעביך אויפוועקען די נאציאנאליסטישע בעלי־חלומות פון זייער שלאף.

מיר ווילען נעמליך היינט אויפווייזען, אז הערר פערנערסדארפער טהוט אויף קיין פאל נישט פערטרעטען די מיינונג פונ'ם סאציאלדעמאקראטישען פראלעטאריאט. מיר מוזען דאס ארויסזאגען טראץ דער האכאכטונג וועלכע מיר האבען פאר איהם אלס א מאן וואס קעמפפט און ארבייטעט פאר די ארבייטער זאך. ער איז דער פערטרעטער פון א קליינער אינטעליגענטען־גרופפע, וועלכע האט אונטער זיך נישט דעם ווינציגסטען טהייל פון דער ארבייטערמאסע. הערר פערנערסדארפער איז רעוויזיאניסט, ד. ה. ער איז א מיטגליעד פון דער סאציאלדעמאקראטישען פארטיי, ווייל ער מיינט, אז איהר פראגראם קען דעם פראלעטאריאט מעהר נוצען ברענגען, אלס דאס פראגראם פון אלע אנדערע פארטייען. די רעוויזיאניסטען זענען אבער נישט סאציאלדעמאקראטען ווייל זיי זענען דערצו נעגייטיגט דורך דער וועלטאנשויאונג פונ'ם היסטארישען מאטעריאליזם. זיי זענען אנהענגער פון פערשידענע וועלטאנשויאונגען *). און זיי קומען פון פערשידענע מאטיווען דערצו צו מיינען אז טאקטיק און פראקסיס פון דער סאציאלדעמאקראטיע זענען פאליטיש און עקאנאמיש גוט און ווערען אויף דעם אופן מיטגליעדער פון דער סאציאלדעמאקראטישע פארטיי. ד. ה. זיי זענען פארטייי־מיטגליעדער נישט צוליעב דעם אינטערעס פון זייער אנשויאונג נור צוליעב פון דער ארבייטערשאפט. אזוי ווי זיי זענען גייסטיג קיין סאציאלדעמאקראטען נישט, שרייבען זיי אין די פערשידענסטע נישט סאציאליסטישע בירגערליכע בלעטער, ווי למשל „נייע געזעלשאפט" און „סאציאליסטישע מאנאטסהעפטע" און עס וואלט געווען אקוראט פערקעהרט ווען מען וואלט גענואלט האלטען די פריוואטאנזיכטען פון אזוינע גענאסען פאר די אנזיכט פון דער סאציאלדעמאקראטיע. אונטער די דאזיגע לייט קען נישט שטעהן דאס פראלעטאריאט, דען דאס פראלעטאריאט קומט צו צו די סאציאלדעמאקראטיע נישט צוליעב פון נדבות נור צוליעב פון זיין קלאסענבעוואוסטזיין: ער איז איבערדעם אינסטינקטיוו אדער בעוואוסט אנגעפילט מיט דער פראלעטארישער וועלטאנשויאונג. אזוי בעאנשפרוכען אפילו די רעוויזיא־

*) צ. ב. פויל נעהרע — א איבערציינטער קריסט. ד"ר דאוויד — א בירגערליכער אטעאיסט און נאך אנדערע אנהענגער פון פערשידענע פילאזאפישע שולען.

גענאסען! שטעהט צו צו די וויענער צענטראל־פערבענדע.

ניסטען אליין נישט דאס רעכט, פערטרעטער פונ׳ם
פּראלעטאריאט צו זיין. דערפאר האט אבער די בורזשו־
אזיע א גרויסען אינטערעס די פריוואטאנשויאונג פון די
רעוויזיאניסטען צו סטעמפלען אלס א סאציאלדעמא־
קראטישע אנשויאונג.

ווי אזוי ווילען מיר אצונד זעהען, טהוט דענקען
דער היסטארישער מאטעריאליסט איבער די נאצינאלע
פראגע ?

די נאציאנען זענען פּראדוקטע פון צוויי פאקטא־
רען. איין פאקטאר איז די אנאטאמישע (קערפערליכע)
און געאגראפישע איינטיילונג פון דער מענשהייט. דער
צווייטער פאקטאר איז די היסטארישע ענטוויקלונג. דער
ערשטער פאקטאר פון ראסע און קלימאט איז נישט
אזוי וויכטיג, ווי דער צווייטער, פון די בעדינגונגען פון
דער היסטארישער ענטוויקלונג.

עס עגזיסטירען אלזא פערשיעדענהייטען פון דער
מענשהייט, דורך וואהנארט און ראסע. די דאזיגע פער־
שיעדענהייטען האבען אינ׳ם לעבען פון דער געשיכטע
קיין ענטשיידענדען איינפלוס נישט. די פערשיעדענע
אבשטופענגען פון דער היסטארישער ענטוויקלונג האבען
בעשאפען פון די שטעמע און ראסען — נאציאנען.
מיר אלס היסטארישע מאטעריאליסטען ווייסען, אז די
בעדינגונגען פון דער היסטארישער ענטוויקלונג זענען די
פּראדוקציאנס־פארמען *) פון דער בעטרעפענדער צייט.
אצונד קענען מיר דייטליך און קלאר פארשטעלען וואס
עס טהוט בעדייטען פאר׳ן פּראלעטאריער און דעם
מאטעריאליסטען די בעגריפע פון נאציאן און נאציאנאלע
פראגע.

נאציאן איז די פאלגע פון דער איינווירקונג דער
פּראדוקטציאנספארם אויף די נאטירליכע פערהעלטניסע
פון די מענשען, — ראסע, וואהנארט. די מאדערנע נא־
ציאן זענען אלזא די פארמען אין וועלכע די קאפּיטאַ־
ליסטישע ענטוויקלונג האט אריינגעפּרעסט די מענשהייט.
די נאציאנאלע פראגע פון היינט איז אויף דעם אופן א
רעזולטאט פון דער קאפּיטאליסטישער וועלטארדנונג און
וועט אויך צוזאמען מיט איהר פערשווינדען.

אלע נאציאנען פון היינט זענען די אויסדריקע פון
די מאכטפערהעלטניסע פון די פערשיעדענע בורזשואזיע.
די נאציאנאלקולטורען פון היינט זענען די קולטורען פון
די פערשיעדענע בורזשואזיען. „די נאציאנאלע פראגע“
דאס איז די קאנקורענצפראגע פון פערשיעדענע בור־
זשואזיען צווישען זיך *). דאס גאנצע נאציאנאלע לע־
בען איז א רעזולטאט פון דער קאפּיטאליסטישער אָרד־
נונג.

דער דאָזיגער קלאס וואס האט אונטער זיך ארונ־
טער גענומען ד. ה. מאנאפאליזירט די קאפּיטאליסטישע
וועלט, האט אויך דאס נאציאנאלע לעבען מאנאפאליזירט.
נור די יעניגע קלאסען נעהמען א אנטהייל אינ׳ם נאציא־
נאלען לעבען פון א געשיכטספעריאדע, וואס זענען אין
דער צייט די הערשער. איבערדעם קען דער פּראלעטא־
ריאט אינ׳ם היינטיגען נאציאנאלען לעבען קיין אנטהייל
נישט נעמען, אויך דעמאלט נישט ווען עס וויל אפילו.

אזוי לאנג ווי די מענשהייט האט זיך נאך נישט
אזוי ווייט ענטוויקעלט, אז דער פּראלעטאריאט זאל זיין
די הערשענדע קלאס, אזוי לאנג וועט פאר׳ן פּראלעטא־
ריאט פרעמד זיין דאס נאציאנאלע לעבען, און ער מוז
אויך דאדורך דענקען און פיהלען — אינטערנאציאנאל.

אנ׳אנטהייל אינ׳ם נאציאנאלען לעבען פון דער
מענשהייט, הייסט מיטהעלפען דער מענשהייט איהרע
איצטיגע פארמען צו געבען. דאס צו טהון איז נור דער
קלאס בכח וואס האט אין דער האנד די מאכטמיטעל
פון דער דאזינער מענשהייט.

ערשט דעמאלט וועט דאס פּראלעטאריאט קע־
נען נאציאנען שאפען און אבשטערבען לאזען, ווען עס
וועט זיין דער הערשענדער קלאס. ערשט אין דער סא־
ציאליסטישע געזעלשאפט וועט געלעזט ווערען די נא־
ציאנאלע פראגע פון היינט. די לעזונג וועט זיין אויף
דעם אופן אז דאס שטארקע פּראלעטאריאט וועט אומ־
בייטען די נאציאנען פונ׳ם קאפּיטאל, אין די נאציאנען
פונ׳ם סאציאליזמוס.

---

# יודיש טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציאָן.

(ענדע).

און קודם־כל איינס: די אַנערקענונג פונ׳ם פאַקט,
אז די נייצייט האָט צעריסען די אַלטפעטערליכע איינהייט
פונ׳ם אַלטען יודענטהום אין קלאַסען און קולטורען; דעם
דאַזינען הויפּט־שקר פונ׳ם „באזעלער פּראָגראַם“, וואס

---

*) פּראָדוקציאָנס־פאָרם א. ז. די פאָרם פון דער
פערטיגשטעלונג פון געוויסע פּראָדוקציעס דורך ארבייטער.

*) למשל „האקאטיסטען“ און פוילישע פריצים אין
אָסט־דייטשלאנד.

---

גענאָסען! זאמעלט פאר די זעלבסטשוצאָרגאניזאציאָן פון אונזערע רוסישע חברים.

מאַכט זיך דערפון נישטוויסענדיג, האָט די י. ט. א. איבערוואונדען און איבער דעם זענען זיי א פּאָרטשריט — געגען דעם ציוניזם.

וואָלט נישט געווען אויף דעם VII־טען קאָנגרעס פון די ציוניסטען אַ מאַיאָריטעט פון מיטעלבורזשואַזנע פאַנאַטיקער און פאָלשטענדיגע איגנאראַנטען אויפ׳ן געבעט פונ׳ם יודישען לעבען, וואָלט זיך מן־הסתם דער בירגערליכער ציוניזם פון זיך אַליין ארויסגעוואקסען צו אַ יוד. טער. אָרגאַניזאַציאָן. מיט׳ן אוינענבליק, ווי דער בירגערליכער ציוניזם האָט אָנגעהויבען אין זיך אויפצונעהמען די געזונדערע עלעמענטע פונ׳ם יודישען בירגערטהום, מיט דעם מאָמענט איז ער געוואָרען רעאַל *).

אויב אַצונד עס האבען זיך די רעאַל־דענקענדע עלעמענטע פון דער יודישער בורזשואַזיע אָבגעטהיילט אויפ׳ן VII־טען קאָנגרעס, איז דאָס נישט געווען אַ היסטאָרישע נויטיגקייט, פערקעהרט, עס וואָלט געווען אינ׳ם זין פון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג ריכטיגער אַז אויף דעם VII־טען אָדער אַם שפעטעסטען אויפ׳ן VIII־טען קאָנגרעס וואָלט די חברה אוסישקען פונ׳ם ציוניזם ארויסגעשטופּט געוואָרען.

מען קען זאָגען, אז כמעט קיינער האָט נישט נעהאָפּט אויף אַ מאַיאָריטעט־אוסישקען אויפ׳ן VII־טען קאָנגרעס, ווייל די ציוניסטישע מאַיאָריטעט איז א סך גיכער געווען מזרח׳טיש איידער הבת־ציניסטיש. נאָר אָבער איז די מאַיאָריטעט פונ׳ם VII־טען קאָנגרעס נישט נעווען אַ אמת׳ער שפּינעל פון דער מאַסע, וואָס זי האָט פערטרעטען, נאָר אַ מאַיאָריטעט, וואָס זי איז ענטשטאַנען דורך דעם געמיינסטען און נידערטרעכטינסטען וואַהלשווינדעל, וועלכען מען קען זיך איבערהויפּט פאָרשטעלען.

נאך אינ׳ם חודש מעריץ האָט א יעדער גערעכענט, אַז דער VII־טער קאָנגרעס וועט ברענגען דעם זיעג פון דעם האלבטעריטאָריאליסטישען "פּאָליטישען" ציוניזם. דער שווינדעל פון דער פירמא־אוסישקין און קאָמפּאַניע איז אַ ודאי נישט געווען אַ היסטאָרישע נויטינקייט. די געזונדע עלעמענטע אינ׳ם בירגערליכען ציוניזם, וואָס זיי זענען אַרויסגעשטויסען געוואָרען אויפ׳ן VII־טען קאָנגרעס האָבען זיך פעראייניגט אין דער איצטיגער "י. ט. א.". פאַר אונז איז איצט מאַסגעבענד אין אונזער טאַקטישער שטעלונג צו דער טעריט. פּאַרטיי, דאָס, וואָס די דעקלאַראַציאָן פון די ציונ. סאָצ. אַרב. פּאַר. זאָגט איבער איהר שטעלונג צו די אנדערע קלאַסען אינ׳ם ציוניזם:

"שטעהענדיג אויף דעם אַלגעמיינעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישען שטאַנדפונקט און פיהרענדיג אַ קאמפף געגען דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, זענען מיר איבערציינט, אַז אונזער סאָציאַליסטישער אידעאַל קענען מיר פערווירקליכען דורך אונזער שטענדיגען קלאַסענקאמפף מיט די איבריגע קלאַסען פונ׳ם יודישען פאָלק, וואָס זענען אויך פּעראינטערעסירט אין דער פערווירקליכונג פונ׳ם ציוניזם. מיר טרעטען ארויס אין דער אַלגעמיינער ציוניסטישער מאסע אַלס א קלאַסענבעוואוסטער פראָלעטאריאט, וועלכער האָט זיינע קלאַסענאינטערעסען און ציעלען" *).

ד. ה. ווייל מיר זענען איבערציינט, אַז דער ציעל פונ׳ם ציוניזם רעספּעקטיווע טעריטאָריאַליזם קען נאָר דעמאָלט ערהייכט ווערען, ווען דאָס איז היסטאָריש נויטיג, קענען מיר נור דענסטמאל צואיילען די ערדייכונג פון דעם ציעל, ווען מיר וועלען בעקעמפּפען די רעאַקציאָנערע בעשטרעבונגען, וועלכע טהוט פערבינדען די יודישע בורזשואַזיע מיט׳ן ציוניזם רעספּעקטיווע טעריטאַריאַליזם.

די טעריטאריאלע קאנצענטראציע אויף דער גרונדלאַגע פון די געזונדע פּראָדוקציאָן טהון מיר אַנערקענען אלס היסטאריש נעהטיג און מיר זענען איבערציינט אַז זי וועט א מאל זיכער ערפאלגען: דאס לערנט אונז דאס שטודיום פון די כהות אינ׳ם יודישען לעבען. די יודישע קליינבורזשואַזיע מוז ביי די טעריטאָריאַליזירונגס־פּראָצעס צערשטערט ווערען און אלס פּראלעטאריאט קעמפען אין דער נייער יודישער געזעלשאַפט. נאר טהוט עס די יודישע בורזשואַזיע און קליינבורזשואַזיע אזוי, ווי די ליבעראלע סאָציאל רעפארמע פון מערב־אייראָפּא טהוט. די דאָזיגע „סאָציאלרעפאָרמער״ זענען אויפגעקלערטע בורזשואַס, וואס בעמערקען, אז די וועלט פערענדערט זיך און דאס פּראָלעטאריאט ווערט די הערשענדע קלאַס. ווייל זיי פיהלען, אַז עס פעהלט זיי די כחות די דאָזיגע ענטוויקלונג אויפצוהאלטען, ווילען זיי לכל־הפּחות פון איהר די ראָהע אויסענזייט א וועקנעהמען, און זוכען אויף פילאנטראָפּישען אופן א קאמפּראָמיס צו מאַכען צווישען דער געשיכטע וואס טהוט זיי פערניכטען אין זייערעם אינטערעסע אלס בורזשואַזיע. די ליבעראלע סאציאלרעפאָרמער מאַכען א סך קליינע טובות פאר דעם ארבייטענדען פאלק, נאר דאביי געבען זיי איהם א שטויס, וואס ער שאַט איהם א סך מעהר אלס 100 רעפאָרמגעזעצע ניצען איהם — זיי האלטען נעמליך אויף זיין ענטוויקלונג צו א הערשענדער קלאַס.

דיזעלבע זאַך איז מיט די בירגערליכע ציוניסטען. דער פּראָצעס פון דער טעריטאָריאלע קאנצענטראציע און פונ׳ם פּראָדיקטיוו־ווערען הויבט שוין אָן. ראָס ווירטשאַפטסלעבען פון דער יודישע מאסע ווערט רעוואָלוציאָנירט, און דאס טאָדעסאורטייל פון דער יודישע בעלי־הבתי׳שע קליינבורזשואַזיע איז שוין אונטערצייכענט.

*) רעאַל — הייסט די זאַכען בעטראַכטען אזוי ווי זיי זענען באמת, נישט אבער ווי זיי זעהען אויס.

*) זעה, דעקלאַראַציאָן פון ס. ס. א. פּ. זייטע 13.

גענאָסען! זאַמעלט פיר פרעספאָנד.

אין דעם געפעהרליכען אוינענבליק, זוכט די יודישע קליינ־
בורזשואזיע מיט דער געשיכטע קאמפראמיסע צו מאכען,
און גראדע אויף דעמזעלבען אופן ווי זייערע קרובים פון
מערב־אייראפא זארגען פאר׳ן ארבייטער, גראדע אזוי
הויבט אן די יודישע קליינבורזשואזיע פאר דער ענטוויק־
לונג פון דער געשיכטע צו „זארגען“. אונטער דער מאסקע
פון פערזארגע און מיטגעפיהל, טהוט זיך די יודישע קליינ־
בורזשואזיע צו שטופען צום פראצעס פון דער קאנצענ־
טראציע און האלט איהם דאדורך אויף, ווייל זי בעהענגט
איהם מיט אלע מעגליכע רעאקציאנערע כלי־קודש. אונ־
זערע בעלי־הבתים בעלאסטען דעם פראצעס פון דער
טעריטאריאל־פראדוקטיווען קאנצענטראציע מיט כל המינים
פון הינדערניסע—פאלעסטיניזמוס, שאוויניזמוס און רעלי־
גיעזען פאנאטיזמוס—מיט הונדערטער קייטען בעשטרעבט
זי זיך, די יודישע צוקונפט וואס מוז זי פערניכטען, צו־
צובונדען צו איהר שמוציגער געגענווארט. די קליינבור־
זשואזיע קומט צום ציוניזם אדער טעריטאריאליזם און
זאגט: „איך וויל דעם דאָזיגען פאר דעם יודישען כלל
„ברכה׳דיגען פראצעס אויספיהרען“. דאס זאגען צו דיזע
„עהרליכע יודען“ און וואס טהון זיי? — זיי פערדארבען
א פארטשרייטענדע ענטוויקלונג דורך די קייטען פון זיי־
ערע רעאקציאנערע בעשטרעבונגען ווי פאלעסטיניזמוס
פפלענע פון אמונה א. נ. א. ציוניזם און טעריטאריאליזם
זענען די פארמען אונטער וועלכע די יודישע קליינבור־
זשואזיע וויל פערלאנגזאמען דעם פראצעס, פון דער טער־
ריטאריאליסטיש־פראדוקטיווען קאנצענטראציאן. *)

אין א נענען דעם רופט די דעקלאראציע פון דער
ציוניסטיש־סאציאליסטישע ארבייטער פארטיי די געזונדע
ארבייטער־מאסע צום קאמפף גענען די רעאקציאנערע
קלאסען פונ׳ם יודישען פאלק, דען דיזער קאמפף איז
די איינציגע ארט און וויזע אין וועלכען מיר אלס די
פערנייער פונ׳ם גאנצען היינטיגען לעבען און פון זיינע
ווירטשאפטספארמען, ד. ה. אלס סאציאלדעמאקראטען,
קענען מיר די ענטוויקלונג צו איילען. דורך א קאמפף
גענען די פינסטערע כחות פון נעכטען, קענען מיר עס
ערמעגליכען אז דער שעהנער שטאלצער מארגען זאל
נאהנטער ווערען.

*) אין אויף דעם אופן אויך אבהאלטען די געזונדע
ענטוויקלונג פונ׳ם פראלעטאריאט.

## קראניק.

בערלין, 24 סעפטעמבער. דאָנערשטאג דעם 21 ד.
האָט דאָ פאָרגעלעזען א בעריכט פונ׳ם VII־טען ציוניסטען־
קאָנגרעס דער היגער דעלעגירטער און אָפיציעלער רע־
דאקטאָר פון דער „יודישער רונדשוי“ ד״ר היינריך לעווע.
איינינע מיטגליעדער פון דער היגער גרופע ס. ס. א. פ.
וועלכע זענען געקומען אויף דער פערזאמלונג נישט אזוי צו
קוויקען זיך מיט דער סוביעקטיוו דורכגעדרונגענער דרשה
פון דעם „ריינעם“ ציוניסט, ווי נאר צו זאמלען געלד אויף
די זעלבסטפערטיידיגונג פון אונזערע רוסישע חברים, האָ־
בען זיך נאָך פאר דעם בעריכט געווענדעט דורך 2 נענאָ־
סען צום פאָרזיצענדען און צום ה׳ רעפערענט מיט א בקשה
אונז צו ערלויבען געלד צו זאמלען אויף דעם דערמאהנטען
צוועק. ביידע, דער פאָרזיצענדער און דער רעפערענט האָ־
בען גלייך אונזערע חברים געפרעגט: „ווער קלויבט דאָס
געלד, בונדיסטען אָדער ציוניסטען?‘ די חברים האָבען גע־
ענטפערט, אז פאר די ס. ס. א. פ. דער פאָרזיצענדער מיט
דעם רעפערענט האָבען גלייך געשטעלט א שאלה: „איז די
פארטיי פיליירט נחום סירקינ׳ם?“ ווען איינער פון די חברים
האט געענטפערט: „זאָל זיך אייך דאַכטען, אַז איהר האַט
געטראָפען“, האָבען ביידע פערזאמלונגספיהרער ארויסגע־
לאָזט א ווערדיקט: „אָפיציעל איז נישט ערלויבט“. שטעלט
אייך פאָר, אז מיר האבען געזאמעלט געלד נישט אָפיציעל.
נאר איך וואלט וועלען פרעגען ביידע אדונים: „איך האָב
געמיינט אלס רוסישער איינוואהנער, אז א פאשפארט זענען
מיר נאר מחויב צו ציינען אויף דער רוסישער גרעניץ, כדי
וויסען צו געבען ווער מיר זענען, אדער אין שטאדט פון
קריענסצושטאנד אין מיטען דער גאס: אָבער דאס מען מוז
ציינען די פאשפארטען, אז מען וויל זאמלען געלד אויף די
זעלבסטשוץ אין אַ ציוניסטישער פערזאמלונג, דאַס ערפאה־
רען מיר פון ה׳ ד״ר היינריך לעווע ערשט צום ערשטען
מאל...“ אַ דאנק פאר׳ן נייעם געזעץ! אברהם.

קראקוי. די היענע פועלי־ציון זענען חלעבען אינ־
טערעסאנטע חיות. שטעלען זיי ארויס א רעפערענט גענען
די ס. ס. א. פ. ערקלעהרט דער דאזיגער רעפערענט (ה׳
וויטעבסקי), אז ער שטעהט נישט אויף זייער שטאנדפונקט
און בעט, אז מען זאָל אין דער דיסקוסיאָן פון די עסטריי־
כישע פועלי־ציון קייןווארט ערוועהנען. שבת דעם 30־סטען
פ. מ. האָבען זיי ווידער אזא רעפערענט ארויסגעשטעלט,
אבער דאָס מאָל — זענען זיי נישט איינפערשטאנדען מיט
דעם רעפערענט. ס׳איז נאטירליך שוין קיין חדוש נישט, אז
זיי וויסען שוין אליין נישט, וואס זיי ווילען*). און זיי האָ־
בען איבער דעם מיט אפענע מאהלער צוגעהארכט, ווי אונ־
זער הבר פערלמאן האט זיי דאָס פראָגראם פון דער ס. ס.
א. פ. אזוי דייטליך און קלאָר בעגרינדעט, ווי דאס איז ביי־
זייערע טעהאָרעטיקער קיינמאל דער פאל נישט. מיר זענען
אבער שליעסליך נייגיריג צו הערען א רעפערענט פון די
עסטרייכישע פועלי־ציון, וואס זאל שוין די זכיה האבען צו
שטעהן אויף „זייער“ שטאנדפונקט. דוד.

*) ווי אזוי זאלען זיי וויסען וואס זיי ווילען, אז דער
צענטראלאָרגאן „דער חסיד׳ישער ארבייטער“ ערשיינט שוין
2 יאהר און אנשטאט זיינע אנהענגער אביסעל אויפצוקלעה־
רען, האט ער נישט וויכטיגערס צו טהון, אלס יעדעס מאל
א אנדערן סאציאליסט „צו גרונד“ צו ריכטען. די רעד.



Wydawca i odpow. redaktor: Schulim Freund, Kraków. — Drukiem Józefa Plessnera i Ski w Podgórzu.